# וואָס ישׂראליקל ווייסט וועגן ל״ג-בעומר



אָנגעשריבן און צוזאַמענגעשטעלט דורך מלכה ביגון ד׳שוחט



# בר - כוכבא

לויט אברהם וואַלט (א. לעסין)

---

אָ, אליין איז געשטאַנען דער גבור
אין דער מיט פון א קנעכטישער וועלט,
ווען דער פיינט האָט געגרייט אים פארלענדונג
און דעם שווערד, און דעם הונגער באפעלט!

און איך זע אין דער אב־נאַכט פון טרויער,
ווי ער רייט צו דער חרובער שטאָט,
וואָס איז ריין שוין פון טומאה פון געצן,
וואו עס היט שוין דער כבוד פון גאָט.

און עס רייטן פיל שטאָלצע גבורים,
און דער זוניקער פירער פאָרויס,
און ביי יעדן אין האנט איז א צעדער,
וואָס מע רייסט מיטן רייט אויפעט אויס.

נאָר פארחתמעט געווען איז זיין גורל,
אין דער ווייפולער תשעה באב נאכט!
און געפאלן צום סוף איז דער גבור
נית פון שווערד פון דעם שונא אין שלאכט

ניט א זון פון א פרוי האָט באזיגט אים,
נים א מענטשן האנט האָט אים געטויט;
נאָר א שלאנג א פארפלוכטע — מען האָט זי
ארום האלדז אים געפונען פארדרייט.

—"זיידע! גיב מיר פינף און צוואנציק גראָשן. דער רבי האָט געזאָגט אַז מאָרגן איז ל"ג בעומר. מאָרגן וועלן מיר ניט לערנען אין חדר.

"מיר וועלן גיין אין וואַלד שיסן מיט די פייַלנבויגנס, מאַכן אַ סעודה, זיך דערציילן וועגן רבי עקיבא, בר-כוכבאַ און שמעון בר יוחאי. ווער עס וועט דערציילן אַ בעסערע און שענערע מעשה פון ל"ג בעומר, וועט קריגן צוויי געפאַרבטע אייער.

אַלע אַנדערע יינגלעך וועט מען געבן אײן געפאַרבט איי. היי יאָר דאַרף איך אויך געבן צושטייער פאַר דער סעודה ווייל איך בין שוין אַ חומש יינגל.

מע וועט מיך אויך מיטנעמען אין וואַלד.

מיט אַט די ווערטער האָט ישראליקל זיך געווענדט צו זיין זיידן, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. דער זיידע איז געזעסן ביי זיך אין שטוב איבער אַ גרויסער גמרא און צווינגענדיק, געלערנט: —"אמר רבי אליעזר, אמר רבי חנינא".

— אָ, דו הבֿרה מאַן, אײנער! דו האָסט דאָס מיך דערשראָקן! — האָט דער ײדע אָפּקערנדיק זיך פֿון דער גמרא געזאָגט צו ישׂראליקלען.

— "נײן, ײדע! איך האָב דיר ניט געװאָלט דערשרעקן. איך בין געלאָפֿן, האָט מיר פֿאַרכאַפּט דער אָטעם. איז בײ מיר דאָס רעדן אַזױ אַרױסגעקומען". — האָט ישׂראליקל זיך פֿאַרענטפֿערט פֿאַר זײן זײדן.

— "גוט! אױב דו ביסט באמת אַן אָנשטענדיקער ײנגל. און דו האָסט דעם זײדן ניט געמײנט צו דערשרעקן. טאָ זעץ זיך דאָ לעבן מיר אױף דעם שטול. און זאָג מיר אין געצײלטע װערטער װאָס דו װילסט. דו האָסט דאָ אַזױ פֿיל אָנגערעדט, אַז איך װײס אַלײן ניט פֿון װאַנען מיט דיר אָנצוהײבן". — האָט דער ײדע װי מיט אַ געבעטענער שטים זיך געװענדט צו זײן אײניקל.

— "גיב מיר, ײדע! פֿינף און צװאַנציק גראָשן. מאָרגן איז ל"ג בעומר. האָט ישׂראליקל שױן מיט אַ הױכן טאָן, אָנגעהױבן רעדן צו זײן זײדן.

— „מאָרגן איז ל״ג בעומר. זאָל איך דיר געבן פינף און צוואַנציק גראָשן...

זייער פיין... זייער שיין... איך פאַרשטיי שוין איצט. אָבער איך וויל דיר פרעגן: איז דאָס ניט א ביסל צו פיל?...

און וואָס דענקסטו, איך בין מחויב יעדן מאָל דיר געבן געלט.

איז דער זיידע אַריינגעפאַלן ישׂראליקלען אין די בייד.

— „ניין, זיידע: איך זאָג ניט דו זאָלסט מיר געבן ווייל דו ביסט מחויב. איך בעט דיר בלויז דו זאָלסט מיר געבן, די מאַמע וועט זיי דיר אוודאי צוריקגעבן.

אסתרל איז ניט געזונט, דאַרף מען איר קויפן א רפואה. קען ניט די מאַמע מיר געבן קיין געלט. — האָט ישׂראליקל א פאַרשעמטער זיך פאַרענטפערט פאַר זיין זיידן.

—„אָ! אויב דו מאָנסט ניט, נאָר דו בעטסט. איז עפּעס אַנ- דערש. דערציי?ל זשע מיר וואָס דו ווייסט וועגן ל״ג בעמר, גיב איך דיר גלייך די פינף און צוואַנציק גראָשן" — האָט ישׂראליקלס זיידע געזאָגט.

—אמאָל, אמאָל. ווען די ייִדן האָבן געלעבט אין זייער אייגן לאַנד, אין ארץ ישראל, האָט מען די צווייטע נאַכט פון פּסח, גע-בראַכט דעם עומר אין בית המקדש. עומר, איז געווען אזא מאָס פון דער ערשטער צייטיק געוואָרענער תבואה אויף די פעלדער אין ארץ ישראל און דער עומר איז געבראַכט געוואָרן אלס א דאנק צו גאָט פאר דער גוטס וואָס ער האָט געטאָן צו די ייִדן.

און די תורה זאָגט, אז פון ווען מען ברענגט דעם עומר, זאָל מען אָפּציילן פופציק טעג, — זיבן גאַנצע וואָכן.

און דאן פייערן דעם יום-טוב שבועות.

די פופציק טעג וואָס מען ציילט פון דער צווייטער נאַכט פּסח ביז שבועות רופט מען ספירה-טעג.

עס קומט פון דעם העברעאישן וואָרט ספר, וואָס מיינט ציילן. גאָר צום ערשטן זיינען די ספירה-טעג געווען א צייט פון פרייד. מען האָט זיך געפרייט מיטן טייערן יום-טוב פּסח. וואָס דערמאָנט אונז דעם נס פון יציאת מצרים.

און וואָס מען האָט דערלעבט די צייט ווען מען האָט געבראַכט דעם עומר אַלס אַ דאַנק צו גאָט, פאַר דער ניי צייטיק געוואָרענער תבואה אויף די אייגענע פעלדער אין ארץ ישראל. מען האָט געציילט די טעג און דערוואַרט צו פייערן דעם יום-טוב שבועות; וואָס דערמאָנט אונדז, אַז גאָט האָט אין דעם טאָג געגעבן די תורה צו די ייִדן.

אָבער מיט דער צייט זיינען די ספירה-טעג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צייט פון טרויער.

ביז דעם היינטיקן טאָג מאַכט מען ניט קיין חתונות און אַנדערע שמחות אין די פופציק טעג פון פסח ביז שבועות. פרומע ייִדן, שערן זיך ניט און טוען ניט אָן קיין נייע מלבושים אין די טעג.

אָן אויסנאַם, איז דער טאָג ל״ג בעומר. דאָס הייסט דער דריי און דרייסיקסטער טאָג פון עומר. וועלכער קומט אויס דעם אַכצענטן טאָג אין חודש אייר. וואָס באַטש ער פאַלט אויס אין די טעג פון ספירה: איז אויף אים ניט חל דער

טרויער פון דער צייט. מע מעג אין דעם טאָג זיך שערן. אָנטאָן נייע־מלבושים. מאַכן חתונות און אַנדערע שמחות.

דאָס אַלץ איז צוליב דעם, וואָס: ווען די רוימער האָבן איינגענומען ארץ ישראל, און פאַרברענט דעם בית המקדש. זיינען אַ טייל יידן דאָך געבליבן אין זייער אייגן לאַנד אונטער דער רוימישער הערשאַפט. וועלכע האָבן פון די יידן גענומען אויסערגעוויינלעכע גרויסע שטייערן פאַר דעם טעמפּל יופּיטער אין רוים.

די רוימער האָבן בכלל שטאַרק געדריקט די יידן. דענסטמאָל איז אויפגעשטאַנען דער העלדישער בר-כוכבא מיט זיין שטאַרקער ארמיי. צו וועמען עס איז אויך צוגעשטאַנען דער גרויסער געלערנטער רבי עקיבא מיט זיינע 24 טויזנט תלמידים און האָבן פאַרפירט א קאַמף קעגן די רוימער. דער קאַמף איז געווען אַ געלונגענער. מען האָט די רוימער כמעט אין גאַנצן פאַרטריבן. און ארץ ישראל איז געוואָרן א פריי לאַנד אונטער דער פירערשאַפט פון דעם העלדישן בר-כוכבא.

סאיז אָבער ניט געווען באַשערט אז ארץ ישראל זאָל ווערן פריי אין יענער צייט. ווייל נאָך פיר יאָר פון בר-כוכבאַס הערשן אין ארץ ישראל איז געקומען א פארשטאַרקטע רוימישע ארמיי, וואָס האָט געקעמפט קעגן די העלדישע יידן. און האָט זיי נאָך א יאָר צייט פון מלחמות באַזיגט.

די אגדה דערציילט, אז אַ מגפה האָט זיך פארשפרייט צווישן רבי עקיבאס תלמידים. פון וועלכער עס זיינען אויסגע-שטאָרבן זייער א סך תלמידים. אין די פופציק טעג פון פסח ביז שבועות. צוליב וועלכן מיר טרויערן ביזן היינטיקן טאָג.

— "זייער גוט, מיין קינד! דו דערציילסט זייער שיין.

איך וויל אָבער דו זאָלסט מיר געבן צו פארשטיין ווי אזוי קומט ביי דיר אויס דאָס וואָרט ל"ג, דריי און דרייסיק און פאר-וואָס איז ל"ג בעומר אנדערש ווי אַלע ספירה טעג?" — האָט ישראליקלס זיידע געפרעגט ביי ישראליקלען אין מיטן דערציילן.

— דאָס איז גאַנץ פשוט.

ווייל די אותיות פון דעם יידישן אלף-בית, וואָס מיר נוצן

אלס בוכשטאַבן צום לייענען און שרייבן, נוצן מיר אויך אַלס צי־פערן. און לויט די אלף־בית נומערן באצייכנט מען די צאָל דריי און דרייסיק מיט די אותיות למד־גימל.

דער דריי און דרייסיקסטער טאָג אין ספירה איז אַנדערש פון די איבעריקע ספירה טעג. ווייל אין דעם טאָג זיינען רבי עקיבאס תלמידים ניט געשטאָרבן.

דערפאַר איז דער טאָג געבליבן אַלס אַ קינדער יום־טוב און אַן אָנדענק טאָג פון יענע צייטן.

מען קען זאָגן אז דאַס איז דער יידישער קינדער טאָג. ווייל ווען די רוימער האָבן צעשלאָגן בר כוכבאַס אַרמייען און אונטערדריקט זיין אויפשטאַנד, האָבן די רוימער גענומען נאָך שטאַרקער ווילדעווען אין ארץ ישראל.

זיי האָבן דורך אוים געוואָלט אויסוואָרצלען און פארניכטן דאָס יידישע פאָלק.

זיי האָבן ארויסגעגעבן פיל גזרות קעגן יידישן שטייגער לעבן. און האָבן שטאַרק באַשטראָפט יעדן איינעם וואָס האָט ניט אויסגעפאָלגט זייער באפעל.

באַזונדער שטאַרק פלעגן די רוימער באַשטראָפן יענע יידן, וועמען מען האָט געכאַפּט לערנען תורה.

דעם גרויסן געלערנטן רבי עקיבאן, האָט מען געכאַפּט; און מע האָט אים מיט אײַזערנע קאַמען. געריסן זײַן לײַב, ביז ער האָט אויסגעהויכט זײַן נשמה.

סהאָט געהאָלפן דערבײַ, אַז דאָס יידישע פאָלק, זאָל זיך אויסמישן מיט די רוימער און אַנדערע פעלקער; און אויפהערן זײַן, אַלס א פאָלק מיט אַן אײגענעם גלויבן און מאָראַל. ווי מיר האָבן דאָס, בירושה פון אונדזערע עלטערן.

די יידישע קינדער האָבן דאָס דעמאָלט גוט געוואוסט און פאַרשטאַנען.

פלעגן זיי נעמען שווערדלעך מיט פײַלנבויגנס, זיך מאַכן אַז זיי גייען אין וואַלד זיך לערנען שיסן. און אין דער אמתן פלעגן זיי גייען, צו דער היל, וואו סאיז באַהאַלטן געווען רבי שמעון בר יוחאי, א תלמיד פון רבי עקיבאן און פון אים לערנען תורה.

דערפאר היטן אַפּ די יידישע קינדער דעם יום-טוב ל"ג בעומר אלס אַן אָנדענק פון יענע צייטן. און אַלס אַ לערע, ווי יידישע קינדער דארפן שטאַלצירן מיט יידישקייט אין יעדער צייט".

אַט אזוי האָט ישׂראליקל מיט גדיים שטאָלצין דערציילט זיין זיידן וועגן ל"ג בעומר. ביז דער זיידע האָט אַרויסגענומען פון זיין קליינעם טייסטערל פינף און צוואַנציק גראָשן, און מיט אַ שמייכל פון צופרידנהייט אויף זיינע ליפּן דערלאַנגט זיין אייניקל און דערביי צוגעגעבן זאָגנדיק:

— "גדיים איז אונדזער יידישער לעבן. און נאָך גרעסער זייט איר אונדזערע קינדער, וואָס איר זייט ממשיך אַט דאָס לעבן.



